לייב קוויטקא.

# ט ר י ט.






## לײב קוויטקא.

# טריט.



## א י ן י אָ ד.

### ג ע ד ע כ נ י ש.

דו געהסט דעם שעלטענדיגן טאג אַנטקעגן
און שטעלסט אים אונטער דיין אנטבלויזטן נאקן,
טראגסט דיין קאָפּ דעם וויסטן רעגן,
דער זון אים באַקן.

וועה!
דער פאר וועמען ביזט פארשפּראכן
זיין אויף הפקר,
דער פאר וועמען בעטסט,
דו, נאקעט קינד, מיט אנדערע קינדער:—
איז אליין אַ בלינדער,
איז אליין אַ בלינדער...

און איך?...
...אין תוהו ובוהו,
ווי מיינע אהנצאליגע אבות,

ווען מיין געדעכניש פארגעהן אזוי.
אין אויב פון דער שלייכנדער צייט
וועלן אויפגעהן בליהענדע מארגענס מיט טוי
פאר באשעפניש און לייט—
זאלן זיי וויסן, אז איך בין אוועק
אין תוהו ובוהו.

*

אין יאך.

## מיין אומרוה.

אַ גרויסן טויבן אומרוה טראָג איך אין מיין האַרצן...
באדט די שטאט זיך ווען אין בית אין שווארצן,
אין נאַכטן-בית פארכלופּט ביז איבער אקסל,
כאַפּט זיך אויף מיין אימרוה,
מיין טויבער תם אין הארצן.

כ'דרעה זיך דאן פון איין זייט אויף דער צווייטער,
ווארט אויף בלאָנזען-שרעק פאר מיר פארגרייטער.
עס נאגט דער תם אין מיר:
„אט געהט ער,
„ער טראָגט דאָרט פאר חטאים דיינע,
„טראגט ער דאָרט אַ גרויסע טענה.

איך ווייס: אין ווייט,
וואו ביידע גרויסע אומות,
ערד און הימל זיינען זיך שוין נמאס

## א י ן  י אָ ד.

אין ווייטערן זיך איינס פון צווייטן,
אין ווייט אין בלינד פארוועהטן—
שפּאנט אַ מענש געפּעלצט
אין פּעלץ פון שטריק און סטריכעס,
אין בליק אַ שטרענג־געדולד,
אין הארץ א הארט שליחות,
עקשן־קראפּט אין שפּרייזן זיינעם,
ער שלעפּט מיט זיך צו מיר
אַ שווערע גרויסע טענה.

כ׳פּיהל:
אין אַ נאכט געהאקט פון שטיינער,
ווען ס׳אַנטרינט פון דולער גאס
דער לעצטער „איינער״,
אין נאכט אזוינער
וועט אויפ׳ן זייר־געשטריקטן שימער

פון שטיק באלויכטעָר וואנט
ביי מיר אין צימעֶר,—
וועָט אויף דעָם זייר אַ וואלקן זיך דערהויבן,
ער וועָט אויפוועקן מיין טויבן,
מיין טויבן אומרוה, וואָס וועָט ברומען:
„זעה, דו זעה, „ער״ איז געקומען״.
און דאן אַ פינגעָר־טריף אין מיינעָ שויבן
א בקי־שפּאַן באלד איבעָר שוועָלן
און מעָנש, דער וויטער מעָנש, מיט גרויסעָר טענה
ער וועָט מיט איר פאר מיר זיך שטעלן.

וועָט דאָס שטילקייט זיך דעָרשרעַקן,
ווי מייז אנטלויפן אין די ווינקלעָן־עקן,
און איך וועל ליגן אויסגעצויגן,

מײן טױבער תּם װעט קוקן מיר פֿון אױגן
און װעט די טענה־גיפֿט פֿאַרזױגן...

און שטילער, שטיל די ליפּן זײַנע
װעלן בלוטיג טריפֿן מיר די טענה
פֿון זײַן בלוטיג־האַרץ אין מײַנעם.
מײַן „שא" װעט העכצענדיג אַנטרינען
און נאָך דעם „שא" װעט אױך מײַן זינען;
און האַרץ אַלײן װעט בלײַבן נאָר,
האַרץ אַלײן מיט גרױסן בראָך...

*

## כ׳האָב נישט אויפגענומען...

כ׳האָב נישט אויפגענומען היינט דעם טאָג,
באגעגנט קאלט,
מיט שמאָלע הויכע אקסלען
געבליבן פאר אים שטעהן,
מיינסט געוואַרט?... ניין:
אזוי ביי א פּייבטן טעלעגראפן־סלופּ
שטעהט זיך מיר און הערט זיך מיר:
קולעט ערגיץ זיך א טויבער קנויל
אין בלינד־פארגעהענדיגן הויל...

שטעהט זיך מיר און הערט זיך מיר,
אין ווינט ארום,
און הייזער שטעהען און גאַסן גליווערן,

און ערד איז שטום,
און ווער גערט אום?...

ליגט גאָרע אייביגקייט געלייכט, נישט געדייכט,
גליוועֶר־פוסט...
וואָס איז גרויסער פלעק,
צי קליינער פלעק
מיט הויכע שמאָלע אקסלען?...
שטעהט איינער אָפּ אין גאס,
אַ צווייטער,
און גערט אוועק...

און פון אנטקעגנדיגן הויז
האָט עמיצער מיט אומעטיגע וויהעס
ארויסגעשיקט צו מיר א קינד:—
„די מאמע רופט!"
און קליין מיט יונגע אויגלאך

שטעהט מיר פאר די הייבע קניה:
„די מאמע רופט!”

וואָס קאָן איך ענפערן אַ קינד?—
כ׳האָב מיין דארע ווייסע האנט אראָפּגעלאָזט,
געפירט מיט ווארימע פינגער־שפיצן
אויף קעפּעלע פון קינד,
ס׳האָט צו מיינע דארע קניה זיך צוגעשפּאַרט,
מיט יונגע אויגלאך
קינדיש־מאָנענדיג געבעטן:
„די מאַמע רופט”...
וואָס קאָן איך ענפערן אַ קינד?

*

## אַ שוויינגנס.

דוד בערגעלסאן געשענקט.

איז קיינער נישט פאראנען אין מיין צימער,
ווער איך מונטער.
איך שמייכל אונטער
אין טאַנץ אַ שווייגנס מיט דער שטילקייט.
מיר דרעהען זיך אין שטילער גרינגער ווילדקייט.
דרעהען זיך—איך מיט שטילקייט...

זי טוליעט מיך און ווינטעלט צארט אין אויער,
שפורט מיך מיט אויסזעהען איר גרויער,
איך ווער א תם
און דרעה זיך גלאט, וויל ס'דרעהט זיך,
נאָר באלד אין שטילקייטס ווינקלען
אַ מורמעלע צעגעהט זיך,
מיך באריהרט עס—
דערקען איך זיך, מיין שטילקייט,

טאנצן מיר מיט גרינגער ווילדקייט,
אין טונקלער לופט, ווי טונקלע ציגנס,
טאנצן איך מיט שטילקייט
א טיפן גרינגן שוויגנס...

עס מאכט זיך:
איך קום אמאָל, און שטילקייט וויל מיך נישט דערקענען.
איך זוך מיך אָפּ אין אירע אויגן—
זעה איך, אז מיינע שלייפן ברענען,
און אויף די אויגן מיינע בליצן
שדים־פערל, מארקן־בליצן.—
פארמאך איך באַלד די אויגן מיר
און קער צוריק.
זי טוט א בליק
און שמידט אי מיך, אי טיר.

איך ווער געפּלעפּט
און קניה פּאר איר...

ווען איך דערוואך,
איז הימל שוין אַ שווארצער דאַך,
איך און שטילקייט שפּעהען געארם,
די אויגן פייכט, די באקן ווארים.
מיר ציהען באלד אַ מעשה־ליד
פון נעכט און רעגנס
און טאנצן גרינג און לאנג אַ שוויינגנס...

*

## מיין בלאנדע.

כ׳טו מיין וועג־מאנטל אויס און איך טרייסל דעם שטויב פון אים אָפּ,
דעם שטויב פון די ערדן און וועגן, וואו איך בין געגאנגען ביז הער,
איך און מיין בלאנדע, מיין קינד,
וואָס איז מיר פארבליבן פון שרפה אין וואלד,
מיין בלאנדע, מיין קינד,
וואָס האָט מיר אין נעכט, אין פרעמדלענדישע נעכט אין אויגן געקוקט,
מיין בלאנדע, מיין קינד,
וואָס האָט מיר בארוהיגט די קניה,
ווען איך האָב די שטיינער אויף ווילד־פרעמדע וועגן צעשטעלט...

איצט טו איך מיין וועג־מאנטל אויס
און איך טרייסל דעם שטויב פון אים אָפּ—
איך ברענג איצט צו קבורה מיין קינד,
וואָס איז מיר פארבליבן פון שרפה אין וואלד,
מיין בלאנדע, וואָס האָט אין פרעמדלענדישע נעכט
אויף יעדער מיין טריטל אַ ברכה געמאכט—
ברענג איך צו קבורה אצינד...

וואו זאָל איך מקבר זײַן איצט
א בלאָנדרע, אַ בלאָנדרע אַזאַ?
זי קער זיך מיט אבות נישט אָן;
איז קײן קינד נישט פון ערדס שוואַרצער טראכט,
וואו זאָל איך מקבר זײַן זי?
צי זאָל איך דען אנטאָן צוריק,
מײַן וועג־מאנטל אָנטאָן צוריק,
פארוויקלען מײַן בלאנדרע אין דעם,
און טוליען דאָס קינד צו מײַן ברוסט,
און פיהלן דאָס קינד בײַ מײַן לײב,
און לאזן און וועלט זיך אריין
אויף ערדן, אויף וועגן באַנײַס
געהען מיט בלאנדרע בײַם האַריז,
געהען מיט טויט אינ'ם האַריז...

כ'טו מיר מײַן וועג־מאנטל אָן
און לאָז זיך מקבל זײַן שטויב
פון ווײַטערן שלעפענדן וועג.

*

# יונגע פרייד.

כ׳דאַרף אַליין, אַליין נישט בלייבן,
קיין חשבונות כ׳האָב מיט זיך,
כ׳דאַרף קיין פריידן ניט פאַרשרייבן,
כ׳דאַרף קיין רוחות נישט פאַרטרייבן
אין מיין טיפניש לעבט נאָר איך.

איך אַליין, איך בין אַ הוילער,
מיין געמיט—אַ גרוי פּאַפּיר,—
האַרץ מיינס דאַכט אַ שמאַם אַ פוילער,
ברעקלט שטאַם און שאַרכט פּאַפּיר,
ווען איך בלייב אין שטוב, איך—הוילער,
אונטער האַרט פאַרפרעסטער טיר.

נאָר איך, הוילער, וויל רעגירן,
זוך איך וועגן, דאַרף איך שטעט,
פיר איך פאָרערס אויף פּאַרפירן
אין געפין זיי וועג און טירן,
זיך און זיי אָפּט נייע פרייד.

ווער רעם סוד ווייסט פון פאַרלירן
און ווי פאָרערס צו פאַרפירן,
בענשט מיך, בענשט מיט ליכט פון טירן—
„גרויסער געהט! גרויסער געהט!...

*

## טאָנ־בלוי.

איז הורך אַ שפּאַלט אַריין דער דרויסן,
האָט אויף אַ בלעכל זיך באַוועצט,
ער שפּילט בלוי־זילבערדיג אין טונקלען צימער...

מיר זיינען קינדערלאַך געווען ביינאַכט,
געלעגן שוואַכינקע אין העמט פון שלאָף,
דערשראָקן גליוויגע פאַר גרויס פון נאַכט
אַ קיפּקע עיפּהלאַך אין צימערס פּיסט,
ווי פּיצלאַך עיפּהלאַך אין שוואַרצן שאַ...
רחמנות שוואַכינקע פאַר גרויס פון נאַכט...

. . .

איז אַריין דער דרויסן, אויף אַ בלעכל זיך באַוועצט,
שפּילט בלוי־זילבערדיג אין צימערס פיר־עק,—
היי, ערוואַכט!—
איך בין איך, און דו ביזט דו, און ער איז ער,

יעדער האָט זיין וועג און איז זיך שוועך,
יעדער וועגט פון קערפער־וואָג פיל מער, —
פאַרנעמט אן אָרט אין פיר־עק פונ׳ם צימער.

שטעהט אויף!
מ׳קאָן שוין חוזק׳ן פון דרויסן,
וואָס שפּילט בלוי־זילבערדיג אויף בלעך!

*

## מיין אוצר.

יוגנט האָב איך.
די יוגנט איז מיין גרויסער, גרויסער אוצר.
טרוימען דאָרט און דימענטן און שטראַלן,
ציהען, ציהען זונען־סטרונעס אוים,
שפּילט מיט צאַרטע פינגערלאַך אויף זיי
מיין יוגנט־פרייד...

און אז די הענטעלאַך פון פרייד
שיטן פּערעלאַך פון איינס אין צווייט—
געהט אַ טענצעלע אין מיר,
טריפט אַ רעגענדל אויף מיר—
מיין יוגנט־גליק...

נאָר, וועה!
די שטילע טעג, די שטימע תהום׳ס שלוחים,
גנבענען זיך שטיל איינס נאָך איינס צום אוצר:
דער רייסט אַ פּערל אוים און דער אַ דימענט,
דער כאַפּט אַ זון אַוועק און דער א ים׳ל.—

די צאַרטע פינגערלאַך פון פרייד, זיי בלאָנזען,
זוכן סטרינגעלאַך און סטרונעס פעהלן...
זיי רייסן בערג, די טעג, און ס'בלייבן הייזן...

און, שוועסטער, ווייסט?—
מיר חלומט זיך אַמאָל אַ זאַל אַ ברייטע
מיט הענגער אויף דער סטעל פון לאָמפּן־בליצן,
מיט שפּינוועבס אויף די ווענט פון גרויסע בילדער,
און אויף דעם בריק—פון יונגע וואַלסן—קריצן!
און איך שפּאַן אין דאָרט, טרעף אַ ווינקל,
וואו ס'ליגט אַ ברוסט אַ דאַ־ע,
איך קיק מיך איין אין ברוסט—זי איז פאַרשרפּהט,
אויסגעקוקשט דאָס האַרץ אין איר, זי איז אַ פּוסטע,
ליגט אין ווינקל, ווי אַ שאָלאַכץ פון אַ ניסל.
מיר חלומט זיך אַזוי...
איך כאַפּ מיך אויף:
אוי!
אַ טאג האָט מיך באַגנבעט...

און שוועסטער ווייסט?
ניט לאַנג בין איך אַריינגעגאַן אין אוצר,

זיך געשטעלט בײַ זײַט און אים באַטראַכט:
געגלעט די בערגלאַך גאָלד, געצײלט די פּערל,
דעם בריליאַנטן־בלענד געגאָסן אײנס אין צװײט,
דערנאָך באַרירט די װענט: דאַכט מיר אַלע שטאַרקע!—
װאו אָרום זשע קומען גנבים אַט אַהער?...
אַזױ די װענט באַריר איך, אַזױ שטעה איך און קלער
און, װעה מיר, שװעסטער!
מײַן האנט באַרירט אַ פּײכטעס.
איך קוק זיך אײַן—אָ, שרעק!—
אַ שימל־פלעק!
בײַ מיר אין אוצר־יוגנט, אין אוצר־פּראַכט –
אַ גרוס פון נאַכט...

*

## פארשפעטיגט.

דער דרויסן איז היינט אַנגעטאָן אין גרויען,
אַ שאטן פון זיין פאלדענדיגן מלבוש
פאַלט אַריין דורך פענסטער ט'הער אין זאלן,
ער האַלט דעם אָטעם איין
אויפ'ן וואַרטענדיגן טעפיך...

צאַרטע!
עס שמעקן דיינע בּאָרוויס איידלע טריט אין זאַל פאַרלאָזטן...
וואו ביזטו?
דער טעפּיך איז אין פאַרבּן אַלערליי
מיט געשטאַלטן אַנגעמאָלט פון בּראַנדן-קעפּ—
פאַרדרעהטער כּתב: טאַטערש, טערקיש, העראָגליפיש,
פיל געשיכטעס פון פיל פעלקערס צער.

ליגט אַ טרויעריגער טעפיך מיט פאַרדרעהטן כּתב,
האַלט דעם אָטעם איין אויף אים, דעם דרויסנס שאָטן...
בּלייבּן זיך פאַרהוילן קליינע טריט...

צוויי טופליעס אויפ'ן טעפּיך,

אײַן טופּליע ליגט צעלענט, דאָס נעזל מיידעליש פֿאַרריסן,
דאָס לעפֿל אויסגעשטרעקט
דער צווייטער טופּליע צערטלען.
די קולקעס בליצן, בליצן, בליצן...

די צווייטע שטעהט ברוגז־תּמעוואַטע,
די שנירלאַך ביז אַראָפּ צום טעפּיך,
קוקט פֿון טונקלער נאָז אַרוים
אַ ר ו י ף, אַרויף צו סטעליע...

שמעקן אירע באָרוויס אײַרלע טריט
אין זאַל פֿאַרלאָזטן...
האַלט דעם אָטעם אײַן דעם דרויסנס שאָטן...

*

# שעצער.

י. דאברושינען.

ווער קאן שעצן אונז, די שעצער?—
לאמיר שטאלצע שפאנען איבער גאסן,
יומטובדיגע פלעצער.
ס'איז צעפויקט אין לאנד-ירידים—
מיר זיין שעצער!

אלע דרעהען צו אונז אויס די קעפ און העלזער,
מיט די אויערן, ווי מיט פעסטע הויפנס,
האלט מען ציטריג איין די ווערטער אונזרע
הון עס פיבערן אקסלען, אז מיר זאגן: פיבערן!
אין אז מיר זאגן: זון! באצירט מען זיך אין וויסן,
און שעמעוודיג שפאצירט מען זיך
ביים זוים פון רויטע גאסן
אין לעבליך-בלוט פון זון,

אין בלויען שמאַכט פון אָוונט,
אין פיינגעפּורעמטע שיכעלאַך
אויף יומטובדיגע פּלעצער,—
ווייל ס'איז צעפּויקט אין לאַנד,
אַז מיר זיינען די שעצער—
אונז קאָן קיינער שאַצן, אונז, די שעצער!

*

## שטיל און טיף...

...שטיל און טיף־טיף, ווי מיין שוויינן,
וועל איך מורמלען דיר אין אויער:
„מחנות מיידן, וואָלקן מיידן
מיך אַ זויטיגן אַ קליינעם.
ניט צו פלויטן, ניט צו וועגן,
ניט צו מארקן, צו געשלעגן,
כ'קאָן נישט מיטגעהען מיט קיינעם.

דער המון—מיין געזונטער פאָטער —
שטארקע גלידער, בלינדער ווילן,
שיקט אַ דולן צו אַ טאָטער
און פארשטעהט אַ הינטיש בילן.

אָבער איך, אזא מין איינער,
פין מיין גאס ארויסגעשטויסן,
ווי אַ שפּאָן אוועק פון שפּענער

און אָן אײַנער אינ׳ם דרויסן...
איך אזוינער קאָן זיך שלעפּן
מיט מײַן טאטן איבער סטעפּן
אויף זײַן טראקט צו גרויסע גיטער?

נײַן, מיט הינדלאך, מײַנע גלײַכע,
פּיק איך, קלויב, אויף הויכע שוועלן
פון א וועלט אין נעפּל ווײַטן,
פון אַ וועלט, וואָס הויבט אָן העלן״...

*

מ. מארק ן.

# כנופיות אַלטע...

כנופיות אלטע, אפּגעבליאקטע פּרעש
אויף צעוואָרפענע, צעבראכענע „פּידראשקעס"
קוואקען הייזעריג און קוואקען אלט
אין אויסגעוועפּטן מאַרק אריין, אין יעדן שפּאלט.

דער הייזער־קרייז ארום דעם מארק,
ווי הענט פארבראכענע אין שווערן צער,
בליקן, ברעכן זיך, ווי אטשערעט,
און קוקן אפּגעהאקט און קורץ און שטאר.

זײַנער טראָגט א קעסטעלע ארום
מיט מזל־נימערלאך פון מענשענס גליק...
גלויב: אויף איינעם פון די בוידימער
ווארט שוין לאנג אויף עמיצן אַ שטריק.

מיט קלײנע אויגעלאך פון דולן מארק
וועט ער באטאפּן בלינד דעם שטריק און דאך,
איך צי דו, באמערקענדיג, וועט מאָן אַ טראכט—
מיט קליינע אויגן טוט דאָך אָפּ א גוטע זאך...

איך צי דו, באמערקענדיג, וועט שפּעט אַהיים,
און זעהן אַ טונקלעניש אין לאָמפּ, אין בעטגעוואנט,
און בלאָנקען, בלאָנקען וועט אין קאָפּ אַ נאכטגעדאַנק:
„דער לייטער שטעהט דארט בײ דער אונטערוואנט"...

כנופיות אלטע, אפגעבליאקטע פרעש
אויף צעוואָרפענע, צעבראָכענע „פידאשקעס"
קוואקען הייזעריג און קוואקען אלט
אין אויסגעוועפטן מארק אריין, אין יעדן שפּאלט.

*

## פון אַלע פיר עקן...

פון אלע פיר עקן צעוואָרפענער וועלט
דורך וועגן און געסלאך, מיט מאָביגע טריט
קומען די נעכט אין געלאַטעטן מארק,
די נעכט, ווי אַ טשערעדע גרוי-טונקלע קעץ,
רוקן זיך שטילע דורך טויב-גענג אין שטאָט,
און טוען אַ כאַפּ זיך אריין אינ׳ם מארק
און בייכיג באַזעצן די ווינקלען פון מארק...

אַ הינטל אַ קליינס ווערט דער נביא פון מארק,
(עס שטעהט ביי דעם ראַטהויז׳ס אַ פלעקנדע וואנט)
און לעקט פון דער ערד ברעקלאך פעטליכע זאלץ,
וואָס ס׳האָט דאַ אַ חזיר-שטעל איבערגעלאָזט,
דערנאָך וועט עס בלינדליך באַשמעקן די וואנט
און עמיצס פארשמאלצטע פארשלאָסענע טיר

און אנהויבן קלאנגן, די אויגלאך פארשנירט
אַ גאנצע נאַכט איינער באקלאגן דעם מארק.

אַ דולער הערפּיהלט, אַז די נאכט איז אין מארק,
קומט ער אַ קילער צו געהן אָט אהער
זוכט בײַ די טירן פאר דולן א דולם,
געפינט ער אַ שמאטע, פארוויקטע אין פּעטס,
שוואַרצט ער מיט איר די צעטריקנטע פּים
און מאכט זיי פאר שטיוול מיט בולפּענעם גלאנץ.
אַ גאַנצן טאג דרעהט ער אַ ראָד אין יריד,
איצט איז ער דאָ, ווײַל די נאכט איז אין מארק.

ציהט צו זיך מארק, ווײַל די נאַכט איז מיט אים.
זיצן אַ דינסט מיט אַ דינער באַנאנד
אויף איינעם אַ קאסטן מיט שטיין-קוילן שווער
און ציהען דעם אלטן דעם דינערשן שמועס,
דעם גרייז-גרויען שמועס אין געלאטעטן מאַרק...

*

## איך בין אַ קרעמער...

כ׳האָב אַ קראם, איך בין אַ קרעמער.
אויף מיין קלייטל הענגט אַ שווארצע שילד,
האב איך אַלטע קרעכצענדיגע שאַלן,
וואויגן ערליך, קרעכצן ווילד.

אויף דער שוועל זיין׳ אנגעקלאפט פירקאָוועס,
ציקעט זיך אַ ביסל טאג ביי טאג,
קונים־מינץ אויף ביטערס און אויף זויערס,
ציקען מיר אזוי—איך און וואָג...

נאר אין אָוונט קומט דער גרויסער קונה:
דארער שטומער פונ׳ם דאַרן וואלד,
אלץ באגערט ער מיט די שטארע אויגן,
אלץ באטאפט ער מיט זיין שטארער האַנט.

כ׳קריך אין פאליצעס און נישטער,
רייס דאס שענסטע אויס פון אומעטום,
כ׳באַקללה מיינע ליבסטע סחורות:
אלץ נאר אים און אלץ נאר אים...

טאגליך קומט רעֶם וועָכטערס אלטע,
לאכט אין פנים מיר און זאָגט:—
— זעה נאר, זעֶה, דיין קראָם צעקריכט זיך,
מייז אנטלויפן און די קאץ פאַריאָגט...

כ׳געה צום וואג, באַטאַפּ די שאָלן,
קרעכצן פראסטיג, קרעָכצן ווילד,
רוה אין מיר:—
געָנוג נאך שווארץ מיין שווארצע שילד.

*

## ג ע מ י ט ע ר.

ווער פארשטעלט זיך אונטער ווינטן,
ווער איז ווינט?
—הונדערט טויזנטער געמיטער
טאַפּן בלינד.

טאפּן וועלט פון אלע זייטן,
שריט און טריט,
זוכן דער וועלט׳ס אָפּן פּנים,
טרעפן ניט.

לעבן־אויס און לעבן־איין זיי,
זוכן אום.
אפשר האָט גאָר וועלט קיין פּנים? —
אליץ איז שטום.

אלטער סטרוזש איז עובר־בטל,
ווייסט ער נישט.
אלטן בוך מיט אלטע מעשיות
לויבן מיר נישט...

הונדערט מויזנטער געמיטער
טאפּן בלינד,
שלייכן אום, און איך קום צו נאָך...
און מײַן קינד...

*

## רוה־לאנד.

האַר, מײַן האַר, דו זאג אונז, זאָג,
אַוואו דאָס רוה־לאנד קריגן?
װעלט־משוגע ט׳אליץ, געזאגט
און נאָר דעם סוד פארשװיגן.

האַר, מײַן האַר, מיר שטעקן דאָ,
װי הינט אין היצעלס װאָגן,
װאו איז דאָס לאנד פון גרויסער רוה?
געמיטער דאָרשטן טאָגן.

האַר, מײַן האַר, די גאס איז דול,
זי שכורט אויס איר שפּע,
װעה דעם קאפּ, דעם נאקעט לײַב,
פון פעלד קומט די מגפה.

האַר, מײַן האַר, נישט קום אין גאס,
זי װעט דײַן שאטן טרעטן,
געה און פלאנטער־אויף דעם װעג,
דאָס רוה־לאנד װעט אונז רעטן.

אר, מיין האר, אנטפלעק דיין שם!—
זמיטער דאָרשטן טאָגן—
עלט־משוגע און אלטע וועלט
ה לאָז אונז דאָרט באקלאָגן.

האר, מיין האר, בין גרייז און אַלט,
וי אַלטע וועלט—איר נאָמען,
כ׳וויל אַ מעשה, כ׳וויל דיין „שאַ״,
אין רוה־לאַנד עטוואָס זאמען...

*

# א ו י פ ן  ש כ ו ר ־ פ ל א ץ.

„אז די פאנטאזיע איז ניט אויסגעלייטערט
און נישט אויסגעבעסערט, קומט מען דורך
איר צו פאלשע אמונות.“

רבי נחמן.

נעה נישט מיט דיין הארצן אויפ׳ן שכור־פלאץ,
פריהער הער דיין גרייזע באבע
וועגן גאָט און עולם־הבא
און די מעשה פונ׳ם שאַץ.
זויג איין טיף די אַל׳לעגענדן,
הארץ פארשמיד אין זייערע ענדן,
נעה ערשט דאן אויף שכור־פלאץ.

וועלן ליארמען שכור־ברואים
ארום קאָפּ דיר, איבער קניהען
קראקען, קוואקען—
זיי אַ גרויסער, האָב אין זינען:—
ערד איז טשערעפּ, אויף איר—שפּינען...

ביי דעם שכור־פלאַץ געזאטעלט
שטעהען פערד צוויי אויסגעצויגן,
הפקר־פּיערדיגע אויגן,
אומגעדולד געשפּאנטע שפּאן—
אייל זיך, שכור־מאן!

בײַדע פערד, זײ װײסן װײטן,
נאַרן דיך פֿון פּלאַן צו רײַטן,
זײ געהיט און האָב אין זינען:—
ערד איז טשערעפּ, אױף איר— שפּינען...

װעסטו זיך אױף ערשטן זאָטל,
װעסטו בלײַבן, װערסטו בטל,
מעגסטו פּײַקן פּעֶרד אין זײַטן,
ס'װעט נישט רירן, אָרט נישט בײַטן,
טױט פֿאַר דעם איז װײַט אין ערד—
ס'איז אַ טשעֶרעפּעֶנעֶר פּערד!...

טרעפֿסטו גראָד צום פּעֶרד צום צװײטן,
ביזטו גרױסער! װעסטו רײַטן!
אימפּעט פֿיל און שװינדל פֿיל
רינגלען װעֶלטן שטירמיש־דול,
בײַטן װײַטן—טרױם אױף װאָר,—
אַ פּאַרפֿאָר אין טיף פֿון יאָר,
קנעטסט זײ אױס װי לײם ביז גאָר,
ביזט בײַ צײַט אין טיף, אין װײַט...
און ביזטו װאַך,—
טוסט אַ קער—
ביזט בײַ באָבעס מעשהלאַך.

*

## באהאלטענע קאַץ.

באַהאַלטענע קאַץ!
כ'שווייג אזוי פיל, וויפיל דו ,
כאָטש געהסט ווייך ארום אין שאטן פון מיין ראש געמיט
מיט שאטן-טריט,
מיט אויגן—ווייט-וועלטישע רוה...

כ'שווייג אזוי פיל, וויפיל דו...
אויף מיין קליינעם אינזל, מיין זכרון,
וועלכער טונקעלט חרובֿדיג ארויס
פון נעפלדיגן אויסגוס—מיין באוואוסטזיין,
אויף דעם שוואכן אינזל
קריכט אמאָל ארויף אַן אלטע פראָש,
קוקט זיך פויל אזוי ארום, טוט אַ פוילן „קווא"—
(אויף דעם פארשרומפּענעם און אלטן ביז-הער)
קוקט זיך פוילער נאָך ארום, טוט אַ צווייטן „קווא"—
(אויף דעם משוגענעם און נגזל „איצט")
„איצט" און „ביז-הער" ווערן באלד אין מיר פארשטומט,
נאר „קווא" אויף אינזל מיינעם ווערן אויסגעקריצט.
כ'הויב אָן זינקען אין א פארמלאזער רוה
און
כ'שווייג אזוי פיל, וויפיל דו...

*

## דער מאן מיט'ן זייער.

...ס'איז געשעהן אין דאָרשטיג פעלד,
אין טרוקן-לאנד, אין טרוקן-לאנד,
געקומען איז מיין טרוים צו מיר
מיט אַ שווערן קרוג אין האנט,
אין דער גריסנדיגער האנט,
און פאַר מיר דעם קרוג געשטעלט: —
זודיג-גאָלד דאָרט פליסט און קוועלט,
שפּיגלט אָפּ אין קרוג אַ וועלט,
וועלט, וואָס הוידעט הין-צוריק
אי מיין חלום, אי מיין גליק...
כ'שטרעק צום קרוג די ליפּן אויס,
נאר טיף אין מיר איך קריג אַ שטויס:—
„—דו ביזט אַ מאן, וואס האָט אַ זייער..."

כ'נעם דעם זייער און איך זיי—
ס'טוט דער קרוג דעם לעצטן שפּיי,
כ'קוק אין זייער און געפין
פּיסלאך-שפּיסלאך פון א שפּין.

...איצט מיין וועלט איז ס'הייליג ארט,

דארע בארלאך עס איך דאָרט,
קברים אלטע אויף יונגע לייט—
איך אזוינער זיי ביים זייט...

וועמען גלויב איך, גלויב איך דא?
ס׳קומט אַמאָל אָט׳העֶר אַ קוה
פון שטאָק־אַלטן, גרייזן אָרט,
וואו דורות, דורות שאָטנען דאָרט,
פון דאָרט ארויס, שלעֶפּט נאָך דעֶם שטריק,
און שאָטנס, שאָטנס אין איר בליק,
ווי די טלאָען אירע אַלט,
ווי די הערנער אירע קאַלט—
קומט די קוה, שטעֶהט און שטעֶהט,
זיך לאָזן מעלקן איז זי גרייט,—
ווער איך גרייז און ווער איך אַלט,
ווער אַ דאַרם נאָך איר געשטאַלט,
און פאַל און מעלק זי אויף מײַן קאָפּ
נאָר כ׳ריים מיך אָפּ:—

„—איך בין אַ מאַן, וואָס האָט אַ זייער...“

— — — — — — — — —

כ'נעם מיין זייגער און איך זיי,—
טוט די מילך דעם לעצטן שפּיי,
כ'קוק אין זייער און דערזעה
אלטע געלע שופן־שניי.

*

# האָט יעדער זיין קעסטעלע.

דוד האָפּשטיינען.

האָט יעדער זיין קעסטעלע, האָט יעדער זיין שליסל,
זאָל ער נישט מיינען זיין סוד איז פאַרשלאָסן...

געהסטו ארום גאנצע טעג אין די מאַרקן
מיט קעסטעלע פעסטן אויף צעהן מאָל פאַרשלאָסן,
און קריגסט זיך מיט העגדלער און דינגסט זיך מיט טענדלער,
און שפירסט אויף די ראָגן נאָך געהער פאַרדעכטיג,
און האַלטסטו דעם שליסל אין טונקל פאַרבאָרגן,
אויף שווייג־רינגען הארטע צום האַרצן געוואָרצעלט,
אויף וואך שטעהט דיין מוח און ניכטער געדענקט עס.—
זאָלסטו נישט מיינען דיין סוד איז פאַרשלאָסן...

און טרייסעלסטו אָפּ פון זיך טאג אין די מאַרקן,
פאַרשלעפּט דיך דער אָוונט אין דיינע פיר איילן,
באַטאַפּסט דיינע ווענט און באַשפירסט דיינע לאָדנס,
דו ציהסט דיינע הויטן פאַמעליך אראָפּ'עט,

די טויזנטער הויטן, וואָס שיצן פון מאַרקן,
און עפּענסט דיין קעסטעלע אויף מיט דיין שליסל:—
אַ הייפּעלע פרייד, אַ הייפּעלע לייד,
ווי טייבעלאַך צאַרטע אין פּוכיג־געבעט
פון דיין האַרץ געוואַרימט,
פון דיין בליק געגלעט.
און צערטעלסט די הייפּעלאַך ביידע באַגלייך,
און ווייסט ס׳איז דיין אייגנס, דיין אייגנס, דיין רייך...

דו, עמיצער מענש און דו עמיצער ברודער! -
ביזט ווי א קליינינקער בלינדינקער הינטל!—
אונטער די הענט דאָך באַנעמט מען דיין אייגנס:
פאַר דיר, אַרום דיר מיט אַ טרוקענער להוטקייט
שטעהט דאָך דער וועלטס גרויסער קאַלטער מרגל,
אַפילו די שאָטנס פון דיינע פיר ווינקלען,
זיי שפּאַרן דיין אייגנס מיט טונקל אַרום
און ווינטלען אַ בלינדעניש אָן אויף דיין בלייכן געמיט.

וואו דו ביזט, דאָרט איז דער מרגל, באַנעמט דיך
מיט קאַלט־דאַרע פינגער באַפליקט ער דיין אייגנס
און טראָגט דאָס דערנאָכדעם מיט טפל׳ע ליפּן
איף מאַרק און אויף ראָג...

האָט יעדער זיין קעסטעלע, האָט יעדער זיין שליסל,
זאָל ער נישט מיינען זיין סוד איז פאַרשלאָסן...

*

## מיין שפּיגל.

מײַן שפּיגל אַ גלאַטער, אַ קאַלטער,
דאָך עפּיס אַ טיפֿעס באַהאַלט ער...

ווען שטילקייט פאַרקילט ווערט אין ווינקלען פון צימער
און ס׳קוטט אן דער אָוונט
מיט בלויאינקע אדערלאַך־קומער,
קומט אָן אַן אומעט פון טיף פון׳ם שפּיגל
און נעמט זיך פאַרשפּרייטן
אויף בילדער פון ווענט,
אויף צעוואַלגערטע קליידער.

פול רוה איז דער שפּיגלשער אומעט,
רוה פון שטיל־שווייגענדע קנוילן־געפּיהלן,
וואָס רוהען אין אפּגרונט פון חלום׳שע הערצער,
וואָס זעלטן באַרירט זיי אַ ריר פון׳ם זינען,

ווי אײנער אַ צערטליכער טײבלשער פערער.—
פול רוה איז דער אומעט, וואָס ציהט זיך פון שפּיגל,
און טוקט זיך אין בילדער,
אין וואלגרענדע קלײרער.

און כאפּט זיך אַ שטורעם אריין אין מײן צימער,
געטראָגן אויף יונגע, אויף טענצלענדע פיסלאַך,
און פּאטשט ער, דער שטורעם, אין ווענט און אין סטעליע,
און טאנצט מיט די שטול־פיס, מיט בענקלאַך אַ רונדע,
קוקט ער אַ פלאכער, מײן שפּיגל, אויף שטורעם,
קוקט אים אין פנים און שפּיגלט זײן אימפּעט.
נאָר רוהיג פאראומערט פארגעהט ער אין זיך,
אין זײן ברעגלאָזער טיפניש,

און לעבט דאָרט אליין אין זיין בלויליכן דמיון,
און לעבט דאָרט פאר זיך אין זיין בלויליכן דמיון...

און בלייבט ער, מיין שפּיגל, אליין אינ׳ם צימער,
זויגט ער זיך איין אין דער וואנט, וואָס אַנטקעגן,
און קלערט פון דער גאס—
קלערט, אַז די גאס, און די געהער, און אלע
האָבן קיין אויגן און קוקן דורך ברילן...

מיין שפּיגל אַ גלאזער, אַ קאלטער,
דאָך עפּיס אַ טיפעס באהאלט ער...

*

## שעלט זי ניט...

שעלט זי ניט, די גאס,
וואָס כוואליעט אום
אין פרייד, אין שפּאס,
שעלט זי ניט די גאס...

בלייבט זי שפּעט בייּנאָכט אליין,
ציהט זי זיך פייּנליך אויס,
דערלאנגט דאָס פעלד,
די שטילע ווייט,
און שווייגט איר הארץ ארויס פאַר וועלט,
איר אלטע לייד—
פאר טונקלער טויב,
פאר הארץ פון לענג און ברייט.

און וועמען האָט זי דען?
די שורה שטויביגע אקאציעס,
וואָס שטופּן אָפּ אַבּי אַזוי די וועלט?
דעם אלטן הונט,
וואָס נאָגט און שעלט
סיי זיך, סיי וועלט?

קלאגט זיך גאס פאר שטילן פעלד
אויף גאָרער וועלטס בטל־געהער,
אויף זיין זאפן פון איר בלוט
אויף זיין בטל־געהערשאפט...

שעלט זי ניט, די גאס,
וואָס כוואליעט אום
אין פרייד, אין שפּאס,
שעלט זי ניט, די גאס...
*

## איך ווייס ניט גאָרנישט...

1.

איך ווייס ניט גאָרנישט, גאָרנישט...
עפּיס שווימט אַ שיף פֿון איין ברעג, שווימט צום צווייטן,
כוואליעס היפּן נאָך און לעקן זי, באגלייטן,
טייכ׳ס אַ מעשהלע אַ ווייס איז שיף, מסתמא,
וואָס ס׳האָט געשיקט דעם קינד, דעם טייך,—ים—די מאמע.
קיינער פירט די שיף ניט, קיינער, קיינע־,
כאָטש עס זיצט דאָרט איינע, דאַכט, צי איינער,—
ווייל ווען לבנה איז ווי א פינגער־נאָגל,
מיט דער חתימה־בלאס פון אייביג וואגלען,—
הערט זיך דאַן ווי פּערל, ווייסע פּערל שמועסן
אין אַ בלייכן הענטל, פון לבנה׳ס קושן,
עפּיס שמועסן:
...,,כאפּן זי דאן גרויע פייכטע שפינען — — —
— — — — — — — — — — —,
ס׳פארשטעהט זיי נישט מיין הארץ און נישט מיין זינען.

אויפן שפּיץ פון זעגלבוים דעם שטאלטן

# נ עָ כ ט.

שטעהט א ווייסע טויב,
ס׳קעפל אונטער פליגעלעך באהאלטן,
ס׳רינגלען אום די טויב פיל קראהען שוואַרצע, שטרענגע,
רינגלען אום — אַ שווארצע שימערדיגע סטענגע,
עפּיס וועבן זיי, די קראהען, נאכט און שוואַרץ זיי שפּינען,
נאָר ס׳פארשטעהט זיי נישט מיין הארץ און נישט מיין זינען...

איך ווייס ניט גאָרנישט, גאָרנישט...
עפּיס קומען נעכט און ס׳ווערט די שטאָט א הארפּע,
שטאָט א האַרפּע, און מיט דינע קאנטן שארפּע,
יעדער מענש ווערט באַלד אַ צאַרטע זילבער־סטרונע,
פינקעלט בלייך און ציהט זיך צו לבנה.
כ׳בין די עקסטע דאן, די סטרונע גאָר די לעצטע,
זעלטן ווען ס׳רירט אן האַנט מיך אַ געשעצטע. —
כ׳ברום נאר, ברום נאר, ברום פאר מיינע שכנים,
ווען נאָר ווייסע יונגע שרים רירן פון זיי איינעם.

עמיץ שפּילט אויף אונז און גיסט און פּליסט געפּיהלן,
פאנגט דעם טיפן הימל מיט אַ סוד אַ שטילן...
לבנה שפּרעכט אינמיטענדרינען...
נאָר ס׳פארשטעהט אלץ נישט מיין הארץ און נישט מיין זינען...

II.

איך פארשטעה ניט גאָרנישט, גאָרנישט...
עפּים איילן יונגע שטאַלטנע וועגן,
טריפן שמאָלע סטעשקעס בערג אראָפּ,
ווי לאנגע שנירלאך רעגן;
אויף די וועגן-יונגווארג בלאָנזען בלינדע יאָרן,
מיט די קרומע פּיס פארבלאָנזעט דאָ געוואָרן.
רייטן בלינדע אויף קעץ, געשפּאנט אין לייצעס,
זיצן דאָך פארקערט: צו קעצן-קעפּ מיט פּלייצעס;
איינע הענגען זיך אין זשוקלאכס קליינע פּליגלאַך,
איינע כאפּן זיך ביי הערנערלאך

פון ערשט געבירטע ציגלאָך;
איינע קריכן אויף די בייכער דאָרע, הוילע,
רירן מיט די ליפּן עפּיס, מיט די באַקן פּוילע,
אַלע קריכן פאַר מיר דורך, שפּרעכן עפּיס העכער,
ווייזן מיר די אויגן שוואַרצע לעכער,
כ׳הער איין וואָרט נאָר:
„גנעה נישט... פאָר נישט... פאָר נישט...״
און איך שטעה און ווייס ניט גאָרנישט, גאָרנישט...

*

נ ע כ ט.

## אָוונט.

בעטיוסיען.

עס האָט דער טאג זיין מידן קאָפּ דעם קראנקן
אין קילן מערב־לאנד אַראָפּגעבויגן.
ער גוסס'ט דאָרט מיט קראנקע ראזע אויגן
און זופּט דאָס לעצטע מאָל אַ טרוים אַן אַלטן
פון זיין אויסגעוועפּטער יוגנט...
דאָס לעבן שטעהט מיט בראנד־צעפּלאמטן פּנים,
קוקט צו מערב־לאנד און קלערט: „אַ מעשה פּלא"...
דער טאָג האָט ציטערדיגע פינגער געלע
אויף פעלדער און אויף גאסן אויסגעצויגן,
גיט די וועלט דער נאכט די מלוכה איבער
ציטערדיג און גאָרנישט זאָגנד...

געפּלעפּטע שטעהען בערג און שורות הייזער,
ווייסן קוים, אַז דא קומט פאר גאָר גרויסעס:
דער טאָג האָט פיין זיין לעבן אנגעהויבן,
אוועק איז ער אן אלטער נאַר אַ גוסס...
שטיל און אנגעגעם און קינדיש פוילבליך
ליגט דער טייך פארקלערט אין שטילע בערג אין גרויע,

גלייך עס וויסט גאר נישט זיין טונקלע ווייט די שטילע,
אז אין זיין הארץ דאָ זירט די שווידער־קראפט—
די רגע פון לעצטן צאַנק און באָדנדיגע פרויען...

עס שטעהט דער וואלד, ווי אַ לאַנג שוין קלוגער בעטלער,
וואָס ווייסט א סך צו זאגן, נאָר די וועלט איז נאריש...
ער קוקט צו מערב־לאנד מיט מערב׳ס־לעצטע פלעקן,
און סמאקעט מיט די צווייגן קלוג אזוי און גאריש.
ביים וואלד אין טיף קרוינט מען איצט די מלכה,
ס׳פּאלדעלט זיך איר שלעפּ צווישן בוימער־בערן.
די מלכה קוקט מיט בענקשאפט אויפ׳ן מערב,
גלעט די טונקלע האר און וויל פון גארנישט קלערן...

און עס קומט די מלכה,
זי מישט אין בלויקייט איין אַ ראזן כשוף,
און הילט דא אלץ און מאַכט דאס אונטערטעניג.
עס ווערט די ערד א וואונדערלאנד פון חלום,
און מענשן ווערן המימיתדיגע טויבן,

## נ ע כ ט.

גלייך קיין טאָג, קיין קראָם, קיין מארקן נישט פאראנען...

און, אז די מלכה שטיל אליין פארגעהט זיך,
דאכט זיך:
עמיץ רינגט ארום בײַם האריזאנט בײַם ווייטן,
בלוי דער עמיץ איז און ווינטיג פריי און פול שליחות,
ער הויבט מיט האַנט אַ פּענדל אויף א בלויעס,
אויסגעשטריקט אויף דעם א סוד אַ טונקלער...
און ס׳לויפט דעם עמיץ נאָך אַ קינד אַן אלטעס,
קוקט די אויגן אויס, לעשט זיין פונק דעם לעצטן—
עס לעכצט איין אות כאַטש פון דעם סוד דערגרייכן...
דעם עמיצ׳ס אבער פיס, זיי פּלאָנטערן און שווינדלען,
ער רינגט ארום בײַם האריזאָנט בײַם ווייטן,
דאָס אלטע קינד דערפיהלט שוין אַש אין האַרצן...

און, אז די מלכה שטיל אליין פארגעהט זיך,
דאכט זיך:
א מאמע איז ערגיץ וואו געשטאָרבן,

# נ עָ כ ט.

אַ גוטעָ מאמע מיט אַ בלייכן יונגן פּנים,
און ערגיץ צווישן בערג איר איינציג קינד איר גאלדענס
קוקט אין מערב־לאנד דעָם קראַנקן וואונדן־פּולן—
און בענקט נאָך איר, זיין גוטער בלייכער מאמען...

און, אז די מלכה שטיל אליין פאַרגעהט זיך,
דאכט זיך:
אויף אַ פוילעָר טרעָפּ פון אַ שול אין אלטער
זיצט „דער דולער", וואָס איז א ווײלע קלאר געוועָרן,
קוקט אויף די פארגרעָבטע ווילדע פינגעָר
פון זיינעָ פיס די קרומע, מגושמדיגעָ, ווילדעָ,
און קלערט מיט ווהעה פון זיין בלינדן תכלית...

און, אַז די מלכה שטיל אליין פארגעהט זיך,
דאכט זיך:
ביי אַ קוואל אַ נסתר זיצט אַ יונגער פּרוש,
זיצט פארגליווערט מיט וועהמאָג־פולע אויגן,
אויף וועָלכעָ ס'ציטערט אַ טרעָר אַ לעצטע;

## נ ע כ ט.

מיר פון וואנדערן אין מדבר, זיצט דער פרוש,
ווייסט נישט צי ער גלויבט נאָך, צי ער צווייפלט,
אז געפינען וועט ער נאָך־אַמאָל
דאס, וואָס וואנדעלט, וואנדעלט אָהן אַ נאָמען...

און ווייט אין הפקר־פעלדער, פון קיינעם נישט באוואכטע,
זאָגט אַן אלטער גלאָק זיין לאנגן שווערן „תּחנון“,
אַ מיטעלער—קלאפּט זיך זינדיג פאר עפּיס וואָס „אשמנו“,
און יעדן נעמט די מלכה איין, אין איר אָוונט־שוים פארהילט זי.

נאָר אָט דער ערשטער קענגער דער מלכה איז געבוירן:—
דאָרט ווייט ביי אַ פּריץ האָט אַ לאָמפּ זיך אָנגעצונדן,
אַ ציטער טוט די מלכה, דאָס פלעמל נעמט זיך וויגן,
ציהט זיך, הויבט זיך, קעמפט און ווערט פארלאָשן—
די מלכה פרעהט זיך:
דער בוגד איז געפאנגען...
נאָר באלד פון אלע זייטן קרומען פלעמלאך
און מיט אמאָל—א מנין לאָמפּן ברענען...

די מלכה ציטערט, ס'הארץ אירס איז צעריסן...
טינקלער ווערט איר פנים, טונקל בלוט טוט רינען.
אַ באַהיי טוט אַ רעווע—דאָס רייסט ער דאָרטן קריעה—
לבנה ווערט פאַראומערט און זוכט זיך אַש אַ פליאַכע,
און אין זעק אין שוואַרצע טוען בערג זיך אָנ'עט...

און, אַז די מלכה שטיל אליין פאַרגעהט זיך,
דאַכט זיך:
זי וואַרט מיט קראַנקע בליקן
אויף ערשטן קרעה און אויף מזרח-רויטלען...

*

 נ עָ כ ט.

## נאכט־אומרוה.

הער זיך איין אין גרויסער,
גרויסער מיט פון נאַכט!

ס'איז דער ווינט דאָ אויף דער וואַך
און שלוכצט זיין ודוי, ווי אַ שמש,
מיט א טאָוול־בלעך אין פליאמעס
פון אַן אלט ירושה־דאַך...
אין די לאַנגע שטומע גאסן,
אויף די גריבל סטעשקע־פאסן,
לויפן קרום, ווי צווישן וואָרצל,
אויער־געדרעהטע מיסט־פאפירן,
לויפן, גלייך זיי יאָגט פארפירן
כשוף־צונג מיט שם המפורש.
לויפן, לויפן אָט די זינדער
ביז פארשלאָגן זיך אין ווינקל

פון א פוסטער שטוב אַ בלינדער.

הער זיך איין אין גרויסער,
גרויסער מיט פון נאַכט...

...טרויערט נאַכט אויף אל׳ ארומ׳עט.
ווער זשע ווייסט דעם טיפן אומעט
פון דער גרויסער מיט פון נאַכט?
אפשר האָט זי גאָר אַ טריבן
רעטעניש פון מאן איר ליבן
און זי מוז אַן ענפער גיבן
ביז דעם ברודער־מאָרגענס פראַכט.
אפשר בענקט זי, בענקט אַ מידע
נאָך איר בלייכער בת־יחידה,
וואָס אַוועק אין טייך אין ברייטן,
טייך אויף נאַכט און וועלט צעשפרייטן,
מיט איר פנים מיט איר בלייכן,
מיט איר שאָטנדיגן שמייכל,

# נ ע כ ט.

מיט אַ בלויען טרוים פאַרטראַכט.
ווער־זשע ווייסט דעם טיפֿן ווערטאָג
פון דער גרויסער מיט פון נאַכט?

הער זיך איין אין גרויסער,
גרויסער מיט פון נאַכט...

קלעמט איר האַרץ און קלאַפּט זיך פאַר אַ טורעם
און מוסר'ט פּיינענדיג דעם האַר פון שטורעם,
וואָס רייסט זיך פון זיין טורעם־הויזן
דער וועלט זיין פּאַטלע־טאַנץ באַווייזן—
ער האָט דעם טייך מיט געלן ברויז באַשאָטן,
ברוינעם שוים אין אים פאַרזאָטן,
אכזר־אייז אין אים פאַרזונקען
און אַלץ פאַרטרונקען, אַלץ פאַרטרונקען...

זיפצט די נאַכט,
און שטיל און שטיל פאַרגעהט זיך...

ריִרט זיך ס׳הארץ בײַם הונט און װעהטאָג װעהט זיך,
שלײַכט פֿון הויף פֿון פּויערשן,
פֿון װארמען שוים דעם הײמישן,
ער ציהט אַ טרײסט אַ לאַנגע, לאַנגע שטילע
מיט שטומען װעה און שטומער תּפלה
דער מאמע-נאַכט.

הער זיך אײַן אין גרויסער,
גרויסער מיט פֿון נאַכט...

*

## ווען ס'ווערט די נאַכט אַ בוגרת.

ווען ס'ווערט די נאַכט אַ בוגרת,
געה נישט אום אליין!

מיט אַ שפּרוך פון יונגע וועהען,
ווען אַ בלימל הויבט אָן שפּראצן
אינם הערצל פון אַ קינד—
מיט דעם שפּרוך וועט נאַכט באַטויען
אין דיין זוניג־יונגן הארצן
רויכיג בלאָנזשענדיגע ווייטן,
וועט זיי מאכן שוואַרץ און בלינד...
מיט דעם גליה פון אירע גליקן
וועט זי ציהען דיינע בליקן
צו איר שווארצן שוידער־גלוט;
וועט איר הארץ פאַר דיר אַנטפּלעקן,
וועט זי אירע תהום־געפיהלן
און איר שווארץ און זודיג בלוט...

ווען ס'ווערט די נאַכט אַ בוגרת,
געה נישט אום אַליין...

*

## אזא בלויע נאַכט...

ראָזוֶען.

אזא בלויע נאַכט...
אזא בלויע נאַכט...
פארבארגן דעֶר הימל אין תהומישער טיף,
ער בויעט א טרוים דאָרט און חלומט אַ וועֶלט,
טריפט מיט אַ כשוף אַ טריף נאָך אַ טריף...

איך שטעה ביי אַ ברונים אַן אַלטן מיט מאָך.
אַ קאץ, זאגט מען, וואוינט דאָ אַ גאנצעָנעֶ וואָך,
נאָר שבת פון קאץ גלייך אַ מיידעֶלע ווערט,
וואָס כשופט מיט אויגלאַך, מיט ליפּלאַך באַשוועָרט,
און זעלטן אין זומער אין בלויאינקע נעֶכט
נויגט זי דאָס קעפּל צום הימל און שפּרעכט.
דעם שפּרוך וווייסט לבנה, דאָס מיידל, נישט מער—
מיך שכורט צו וויסן, טא קום איך אַהער.

איך שטעה ביי דעם ברונים און קוק זיך גוט איין,
אַ בילד דארט... דער קאצ׳ס, צי דעָם מיידלס, צי מיין...

טיף איז דאָס בילד און אויף דעם קוקט פאַרטראַכט:
אזא בלויע נאַכט...
אזא בלויע נאַכט...

דאָרט איז די שטאָט אזוי פּרוס, אזוי אלט,
פּעסט מיט׳ן טויער פאר נאכט־שלעק פארפראלט.
ס׳שטעהט ביי דעם טויער אַן עמיץ אין בעט,
קלאפּט זיך א האַרציג, אַ שטילן על חטא,
ס׳זעהט אים דער שומר פון רוה און ער טראַכט:
אזא בלויע נאַכט...
אזא בלויע נאַכט...

*

## נִיט׳ע שוועסטער...

ניט׳ע, שוועסטער, דרימל איצטער,
ווייל דער ווינט ...ט ברעכט ער, קריצט ער,
און דער וואלד טוט אָן אַ קאַפּטער,
און דער הימל וואַרקענס קלייבט ער,
אך, און אָנפּאַל וויל ער מאַכן,
אונז מיט וואסער אויסצולאכן.—
קוק, די וואָלקן—ס׳א סכּנה,
לא׳מיר רעטן די לבנה!...

קוק, אויף צפון, ווי א קאָטער,
אין אַ טייך דאָס קעפּל בּאָדט ער,
קושט זיך מיט אַ לויתן
און זיי שטותן... און זיי שטותן...
ביידע איילן זיי זיך, רוקן
די לבנה צו פארצוקן...
ניט׳ע, שוועסטער, דרימל איצטער,
ווייל דער הימל וויל ער—בּליצט ער,
כאַפּט די שווערד באלד פינ׳ם שיטל,
מאַכט אַן אָנפּאַל פון אַ זייטל—
שלאָף ניט, שוועסטער, ס׳א סכּנה,
לאָ׳מיר רעטן די לבנה...

*

## איך בין צוגעבונדן...

איך בין צוגעבונדן צו מיין גרויסן הײנט.
דער דעמב, מיין פריינט,
האט מיר פארשמעקט מיט זיינע װארצלען.

איך בין צוגעבונדן צו מיין גרויסן הײנט.
דער גראב־אייזן, מיין פריינט,
איז שארף, און ערד איז פייכט און זאפטיג.

זון, נישט זון! —
מיך שטארקט דער שמעקעדיגער הויף,
וואו בהמות קומען זיך צונויף.

און מיינע פעסטע פיס!
און מיינע שטארקע הענט!
כ׳וואלט א יונגן אקס
דעם קאפ פארלענדט!

*

## שטײנער אײנציגע...

שטײנער אײנציגע, מײַן קינד,
ציגל סטאָסנװײַז צעװאָרפן
פאַר דער שװעל פון אונזער מארגן,
פאַר׳ן קרײַז פון אונזער גליק.

מיט שמײכל דײַנס, מיט ארבעלאַך פאַרשאַרט
לאָ׳מיר פאָרמען אונזער בײדנס גליק,
מיר האָבן בײדע בליהענדינע יאָר
און געזונטע אָדערן מיט לעביג בלוט.

זעה! איך פאַרװאַרף אַ קלעטערן־געשטעל,
מיט שטריק און ברעטער אײנגעפעסט אין װענט...
קינד, מיט דײַנע און מיט מײַנע הענט
װעלן מיר אױסטאָקן אַ שװעל...

און שלאַנק װעט זײַן דער אױסגעבױטער טרױם,
װי אַ גאָטיש־טעמפּל שפּיץ־פאַרשפּיצט,

און מעשה־בילדער אויסגעשניצט
אויף יעדער ראַם און יעדער זוים.

און שטעל דיר פאָר: איך בין דאָרט דאָ,
און שטעל דיר פאָר: דו ביזט דאָרט דאָ,
און קיינער, קיינער מער נישטאָ,
נאָר ביידע פאר דער ליוסטרעס פרייד
אין שוימיג וועבעכץ אָנגעקליידט
לייענען שטיל אַהין, צוריק
די מגילה פון אונזער גליק...

און דו גלויבסט דאָרט יעדן וואָרט,
אוו איך גלויב דאָרט יעדן וואָרט.

*

## אום מיטוואך.

פאר'ן באַגינענדיגן שימער
רוהט מיין זויבערע אויף קלאָרן בעט.
עס קוקט אריין דער טאָג א אַ פרישער,
פאלט זיין שיין אויף ליבערס אויגלאַך,
ווי אַ צערטעלדיגער פעדער
גלעט זיי, גלעט...

אין פארטאגעדיגן שימער
עפנט זי די אויגלאַך אויף,
טונקלען זיי מיט טונקלע פונקלען
אויף די פענסטער, אייף די חפצים,
אויך אויף מיר א פונק ארויף...

פון אונטער קאלדרע ריזלט שטיל
און קומט ארויס אַ שמייכל;

קומט אויף ליפּלאַך,
ווינגט זיך, שײַנט.
זי ציהט מיר אוים אַ דרימלענר הענטל:
— איז שבת היינט?...
איז שבת היינט?...

אָ, מיין פּעפּערקע מיין קליינע,
דו, מיט ווייסע דרימל־הענטלאַך,
מיט די רויז־ליפּלאַך פּארבויגן,
ווילסט אַ יום־טוב׳ל, מיין קינד?...
היינט איז מיטוואָך... פּראָסטער מיטוואָך
גראָד אַצינד...

*

## דיין פערדל.

האסט דורכגעשוועבט אויף דיין פערדל
פאר מיינעם א פענסטער,
מיין שענסטער,
איך זוך דיך—
ביזט שוין ניט פאראנען.
נאר אויף די גרינע קאשטאנען
פיבערט דיין אימפעט אויף בלעטער
און ס'רויכערט דער שטויב אויף די ברעטער,
וואס רוהען ביי מיינע שטאבעטן.
ווייסטו?
מיר טרוימען זיך גלעטן,
די גלעטן, וואס דו גלעטסט דיין פערד,
זיין האלז און זיין רוקן,—
דיין פערד!—
כ'וואלט אין פורכט פאר אים בוקן,
געטרויט דעם מיין אנגסט,
געטרוימט דעם אין אויער אזוי:

טראָגסט מײַן ליבן אויף מײַן פּעלד און מײַן טױ
פֿאַר מײַן טאָג און מײַן בלוי.
און וואוהין קומט ער אין אָוונט,
וואו ס׳נאַכטלעגער טוט ער באַשטעלן,
ווייסט ער, ווי ס׳בענקען
איך, —
מײַנע שוועלן...

*

## וויינסט פאַר מיר...

וויינסט פאַר מיר און וויינסט פאַר מיר,
דייַן מאַמע איז געשטאָרבן...
און איך שטעה מיט גרויסע אויגן,
און איך קאָן דיר גאָרנישט זאָגן...

וויינסט פאַר מיר און וויינסט פאַר מיר,
דיין מאַמע איז געשטאָרבן...
קוק איך אינ׳ם ווייטן מערב,
אויף די ווייטע קאַלטע וואָלקן,
קלאַפּט מיין האַרץ דער פרעמד אַנטקעגן,
קלאַפּט מיין האַרץ דער ווייט אַנטקעגן
און פאַר דיר איך האָב קיין וואָרט ניט.

וויינסט פאַר מיר און וויינסט פאַר מיר,
דיין מאַמע איז געשטאָרבן...
מאַך איך צו די גרויסע אויגן
און עס אָטעמען מחשבות:

„ווערט מיין שטאָלץ שוין קליינע פונקען,
פונקען ווערן אויסגעלאָשן,
פונקען ווערן אויסגעלאָשן,
ווי דער מערב... ווי דער מערב...“

וויינסט פאַר מיר און וויינסט פאַר מיר,
דיין מאַמע איז געשטאָרבן...
...גייה נאָך ווינט אין גליווער ווייטן
איך צו מערב... ווייט אין מערב...

*

## חברה וואָלקן...

חברה וואָלקן, קומט אין פּאָלקן,
קומט דערשטיקן, קומט פאַרמעקן,
מענשן־בליקן, זונען־פלעקן,
און פאַרטונקלען לעצטע שטערן,
לעצטע פונקלען.
שיינט אַ פּערעלע געדאַנקען,
וועט דאָס צאַנקען,
וועט דאָס ווערן גיך דערטרונקען,
חברה וואָלקן, קומט אין פּאָלקן,
קומט צעשטערן און נישט ווערן!

חברה שטראַלן, קומט באַפאַלן
קומט די נאַכטן צו באַלייכטן,
און פאַרשפּינען הארץ און זינען
אין אַ שכור'ל אַ לייכטן,
קומט געפינען אַלע וועגן
צו די הימלען, וואו עס דרימלען
די, וואָס זיין' פון ערד אַנטרינען,
און מע קאָן זיי נישט געפינען...

חברה שטראַלן, קומט באַשאַלן,
קומט באַגיסן מיט די פרייַדן
פון גן עדן;
לאָ'מיר בענטשן און באַגריסן
אָט די ערד, דעם אַלטן זיידן,
און די מענטשן.

איך בין וואָלקן, איך בין נאַכטן
פון אַ גאָט אַ שטום פאַרטראַכטן,
אַ צעשטערער, אַ צעבּרעכער,
מיט אַ האַרץ פון גאָלדע לעכער.

איך בין זון־גאָלד, איך בין פלאַמען,
פייער־פלאַקער מיינע שטאַמען,
און מיין ווייסן—קייט צעריסן,
און פון אַלץ דעם סוד געפונען—
כ'האָב אַ האַרץ פון גאָלדע זונען.

*

## מאַרט.

.I

באַפרייטע ריטשקעס לויפן,
אין שטרייפלען זיך און שלייפן
ביים גלאַטן שטיינערדינגן קאַנט
פון טראָטואַר.

זון א גרויסע, אַ באַפרייטע,
די ווינטער־הויטן אָפּגעטרייסלט,
פּאָכט אויף ערד
מיט וואַרמע פּאָנעז,
וואַרמע טוכן־ליכט און שיין.

און דורכגעהער,
מיט פריש פארקעמטע קעפּ,
פאַררוקטע היטלען,
שווינדלען מיט די הוילע הענט פאַר זון.

א ווינטל ציהט, דערמאַנט אין פעלד

און שפּילט, ווי הינטעלאַך,
מיט דורכגעהערם פּיס און פּאָלעס.

דעם ערשטן פריהלינגדיגן שפּאַציר
מאַכן שילער.
די קינדער לאַכן,
זון גלעט די ציינדעלאַך
און גליטשט אין מיילעכלאַך,
און קיצלט צינגעלאַך,
און קיצלט ווערים,—
עפּנען קינדערלאַך
פאַר זון די מיילעכלאַך
און לאָזן קיצלען זיך
און לאַכן, לאַכן קעגן איר...

זונס דער ערשטער פרעהליכער שפּאַציר.

*

.II

איך וויל היינט נישט געהן
די טאג-ראָד נאָך דרעהן
אין שאָטן אין גרויסן
בּיי מיה אונטער וואַנט.
איך וויל היינט דעם דרויסן
מיט הילכן באַפּלעקן,
מיט בּליצן באַשטעקן
און אויסשטרעקן יעדן
מיין ווייס שלאַנקע האַנט.

איך וויל מיט מיין הינטל
זיך הוידען און ווינטלען
אויף בּרעטער, וואָס וואַרטן
פאַר נייעם געבּיי.
—דו, הינטל מיין צארטער,
דו ווייסט ווער שיקט בּויען?—
ס'איז ווילן, באַגערן,

און טרוימען פון פרויען,—
זיי שיקן צעשמערן
און בויען אויפסניי...

...און זון און מיין הינטל
מיר הוידען זיך, הוידען,
און קושן זיך דריי!

*

העלער שאטן.

## העלדן־פריינט.

פאלט ווען רעגן איך מין נאס,
פאלט ווען רעגן איך מין דאך,
פאר די פענסטער בעסט, לאכט
קוטיג זידלדיגער מיך—
וואס זשע, פריינט,
קלאג איך זיך פאר איך?

פאלט ווען רעגן איך מין נאס,
שטעהט ווען שאטן בי מיר איין,
איך די חפצים שטארבט די שיין,—
כאפט א פיבער מינע פריינט,
ווערן פרעמד און ווערן בלאס,
ווערן שוואבינקע א תל,
ריקן אלע זיך צו מיר,
עפיס שרעקן זיך פאר מיר,
מאכן פליטה פון מין שוועל,

פון מיין הויז און פון מײַן גאַס.
געהט אייך, געהט אייך, העלדן־פריינט,
איך וועל בײַקומען דעם הײַנט,
האַרץ מיינס איז שוין צוגעגרייט,—
שלאָפן געהט!
טרעפט פון אייך ווער חלום הײַנט,
גריסט אים ליבליך, מיינע פריינט...

*

## מיין פריינט.

אויב דו קאָנסט זיך שרומפּן וועהמאָגדיג אין אַנגסט,
דורך אויגן אויסטריפן דיין הארצענס צוואנג
און ברומען מוראדיג מיט ווידערקלאנג,
און מאַכן ליידן אויך דיין ביזן הינט:—
ביזטו מיין פריינט...

אויב דו קאָנסט היים־בלוטיג אויסציהען זיך אין גליק,
מיט ליפּן אויסטאָקן דיין שטאָלן־פרייד
און פרייד פול קושן תבואה־בייט
און הירזשען, היפּן מיט דיין פארבן־הינט:—
ביזטו מיין פריינט...

*

## כ׳וועל דיך איצטער גאָרנישט פרעגן...

...און עס טריפט פאר זיך אַ רעגן...
קום אריין, איך וואוין אַנטקעגן,
קום אריין צו מיר און זיץ,
כ׳וועל דיך איצטער גאָרנישט פרעגן.—
אויב עס פרעגט דיך וואָס דער בליץ,
ווייז אים אָן אויף מיר אַנטקעגן...
...און עס טריפט פאר זיך אַ רעגן...

כ׳האלט פון לאנג פארמאַכט שוין אויגן,
כ׳זיץ פון לאַנג שוין איינגעבויגן,
כ׳וועל נישט איינהערן דיין קרעכץ,—
ניט זיך גריסן, ניט זיך נויגן—,
זעץ זיך לינקס, צי זעץ זיך רעכטס...
...און עס טריפט פאַר זיך אַ רעגן...

*

## זאָל גײן אַ רעגן...

זאָל גײן אַ רעגן...
זאָל װינט מיט׳ן שטױב זיך באהעפטן
און שמײסן די גאסן און פּנים,
און זאָגן דעם שטפּער: מיר האָבן שױן קרעפּטן,
מיר קאָנען באגײן זיך שױן אָהן אים.

זאָל קומען דער פּחד פאטעליך,
איך װעל אים מײן זינען פארקױפן,
אים זײן װעט אין ציטערל פרעהליך,
ער װעט מיך דאָך האלטן אין זױפן...

זאָל אלעס אַ פּיבער אָנכאפּן,
אין שרעקן, און װײנען אין בליצן,
איך װעל מיר מײן חדר פארשליסן
און ליגן, צי זיצן...

זאָל געהן א רעגן—
סיי הימל, סיי ערד זאָלן ברומען,
מיין גליק וועט נישט האָבן קיין ברעגן—
צו מיר וועט דאָך קיינער ניט קומען...

*

## כ׳האָב געקלויבן...

כ׳האָב געקלויבן, כ׳האָב געקלויבן
אין מיין הארצן פרייד,
כ׳האָב באהאלטן, זי באהאלטן
שטילערהייד—
כ׳האָב געמיינט די זון, פארגעהען
וועט זי רויט,
וועל איך קאָנען פאַר דיר שטעהען
מיט מיין פרייד.
איז דאָך אָבער זון פארגאנגען אזוי בלאַס,
שטעה איך עלנד מיט מיין הארצן אויף דער גאַס.

אפשר האָסטו, אפשר האָסטו דאָס געוואוסט,
אז עס זאמלט פרייד מיין האַרץ און ברוסט.
אז פארגעהען וועט די זון היינט בלאַס—

אפשר האָט פֿארגלוסט זיך דיר אַ שפּאַס,
דיר און זון עָס האָט זיך דאָס פֿארגלוסט...

שטעה איך עלנד מיט מײַן הארצן אויף דעָר גאַס...

*

## קום נישט, מיין פריינט.

פראָסט האָט מיין ׳קליאמקע געפּענטעט
און פראָסטיג פארחתמעט מיין טיר.
קאלט־בלוטיג אויף וועלט קוקט מיין פענסטער,
אזוי סתם זיך קוקט דאָס אויף איר.

כ׳וויל איצטער קיינעם נישט זעהען,
איך וויל נישט זאָלסט קומען, מיין פריינט,
כ׳האָב געסט איצטער — אומעט און שטילקייט,
מיין האַרץ איז פארנומען אויף היינט.

קום מאָרגן... אפשר נאָך שפּעטער,
ווען ס׳וועט זיך פאַרהוילן אין בלעטער
מיין בענקענדעס הארץ שוין צוריק.
וועסט ט־עפן מיין טיר דאן א גרינגע,
צוריק אויך מיין שטימע די יונגע,
מיין הפקרדיג פרעהליכן בליק...

*

•

## דורכגעהער שמייכלען פון מיר היינט.

קוק פאַמעליך מיך ארום פון אלע זייטן,
דורכגעהער שמייכלען פון מיר היינט.
קוק פאמעליך מיך ארום, מיין פריינט,
אפשר זעהען אויף מיר עפּיס לייטן.

אפשר ווייסן זיי, אז נעכטן, דאַכט,
צי איינעכטן בין איך געגאן ביז שפּעט
און האָב פאר ווינט אין פעלד גערעדט
און מיט מיין הארץ געליבט א רעגן-נאַכט?

אפשר ווייסט מען שוין, אז איך בין דער,
וואָס האָט דעם שטאָטזייגער פארהאקט מיט לוים.
אפשר ווייסט מען אויכ'עט שוין דעם מיין
און אויך דערביי מיין טרער?

קוק פאמעליך מיך ארום פון אלע זייטן,
דורכגעהער שמייכלען פון מיר היינט.
קוק פאמעליך מיך ארום, מיין פריינט,
דערקענען אפשר אויף מיר עפּיס לייטן.

*

## קוממט מיט אַן עסנדיג פנים...

קימסט מיט אַן עֶסנדיג פנים
אין לעסטעריסט דעֶם מעֶנש אין די וועלט,
טאפּסט זיי ארום מיט די גיפטיגע פינגעֶר,
שלעפּסט אויף זיי יואָלקן אין דיר ווערט דאַן גרינג,
מיט וואָלוועלע פיידלאך דיין הארץ ווערט באַקעלט.

געֶה דיר, אָ, געֶה דיר, איך וויל דיך נישט הערן,
איך ליב נאָך אַ טויב!
איך האָב נאָך פאר מורח רויט פייערפולע טרערן,
פאַר תמימותע ליפּן — אַן אויער צו הערן,
פאר רעֶגן — אַ לויב!

*

## וויינער.

און זעהסטו און דרויסן פאר זון זיצט א רעדל פון וויינער,
מען ארבעט די זאקן מיט טאנצענדע פינגער,
מע שושקעט זיך, איינע צו צווייטער געבויגן,
און טרויריגע שאטנס אין אויגן זיי שטעהען,—
זיי וויסן, מיין ברודער און דו דורכגעהער:
ס'וועט עפּיס געשעהען... ס'וועט עפּיס געשעהען...

א נביאישער גייסט איז צעגאסן אין וויינערשע הערצער:
זיי קוקן אין זיי ווי אין אורים-ותמים,
זיי פיהלן א סוד און זיי וויסן זיין פתרון,
זיי שושקען זיך, איינע געבויגן צו צווייטער,
דו געהסט זיי פארביי און דו קוקסט זיך ארומ'עט,
דו זוכסט כאטש א פרענזל פון דעם, וואס זיי וויסן,
דו זוכסט און דו שרעקסט זיך און ווערסט שיער משוגע,
און ווערסט מיט א טיאכקענדן הארץ קוים אנטרונען.
איך ראט דיר, מיין ברודער, אין גאס דאן נישט געהען—
ס'וועט עפּיס געשעהען... ס'וועט עפּיס געשעהען...

## גאס האָט מיך גאוה׳ש באגעגנט.

גאס האָט מיך גאוה׳ש באגעגנט
און טרוקן געדריקט מיר מײַן האנט,
ס׳הארץ האָט געלעכצט איר פארטרויען,
האָט גאס זיך פארדרעהט מיט אַ וואַנט.

כ׳בין אַ פארקלערטער געקומען
פארדערן מײַן בראָך פאר דײַן בליק.
זאָגט מיר דײַן שוועל, ביזט א הארטע,
און טרײַבט מיך און טרײַבט מיך צוריק.

דו האָסט אין דײַן צימער קײַן שפיגל,
נאָר בײַראָנס א בילד אויף דײַן וואנט.
דײַן צימער האָט קאַלט מיך באגעגנט
און טרוקן געדריק מיר מײַן אַהנט...

## מצאי־שבת.

„גאט פון אברהם, פון יצחק,
פון יעקב, דער הייליגער
שבת געהט אוועק" ...

טו אוים דיין לייכטע שבתדיגע קלייד,
ס'האט אויסגעוועפט אין גאס
דער לעצטער טריף שבתדיגע פרייד...

אויף דורכגעהערם אַקסלען קריכט די וואָך,
ווערן זיי באלאָדן— אָקסן אין אַ יאָך—
אָפּגערוהטע פערד דערשמעקן קאַלטם
און שלעפריג ענדיגן אַ פערדישן געדאַנק—
אין טונקלען אונטערגרונט פון הארץ־טוט עפּים באַנג...

טו אוים דיין לייכטע שבתדיגע קלייד,
אַ טונקלער „בא" געהט ארום און געהט,
באצווינגט מיט שווערם די שטאָט פון אל'די פיר,
באַצווינגט די שיין—מזוזה אויף דער טיר,

דעם ארון קודש'ס שווער געמיט,
מיין באַבעס טריט...

טו אויס־דיין לייכטע שבתדיגע קלייד,
נעם אַ טונקלען טוך און שטילערהייד
דעק דעם שפיגל צו:—
דער שבת קודש איז אוועק זיך אין זיין רוה...

*

## פאַר שדים.

1.

„שדים ווייסן"...

אויך פאַר שדים, אויך פאַר נעכט,
האָב איך לידער, לידער כ׳פלעכט,
כ׳שענק זיי לידער אַ באַציר,
יאָגן זיי זיך נאָך, נאָך מיר,
כ׳בין איצט חתן פון אַ נאַכט,
וואָס אַ לץ האָט מיר געבראַכט,
ער האָט זי בײַם ים דערטײַפּט,
מיט זײַן צינגל זי געכאַפּט,
לילית׳ס טייכן זי געשווענקט
פאַר אַ כלה מיר געשענקט...

גלויב איך מענשן שוין קיין וואָרט,
ניט אָ־דאָ און ניט אָ־דאָרט,
ניט דער זון און ניט דעם טאָג,
ניט דער ראָד און ניט איר יאָג,
ווייל זיי אַלע, קליין און גרויס,
וואַרטן עפּיס, קוקן אויס;

ווייל איך, התן פון אַ נאַכט,
האָב מיט שדים שוין פאַרבראַכט,
און געזעהן, ווי לעבן-טראָפּ
טריפט און טריפט אין אײביג טאָפּ...
גלויב איך אַלעמען שוין ניט מעָר,
נישט אַהין און נישט אהעָר,
אלץ פון לץ איז אויסגעלאַכט—
כ׳בין אַ חתן פון אַ נאַכט...

2.

איך בין אַריין אין בלינדער הייל, אין בלינדער קעלט...
נ׳פאַרבאָרגן לאַנד, אין שדים־וועלט
האָט אויסגעוועפּט דער הויך פון ליכט...
פון גאָר מיין בליק און מיין געזיכט
האָט אויסגעשרי׳ן שמואל׳ס וואָרט,
האָב איך דערקענט זיך זיצן דאָרט.

האָב איך געזעהען ווי פון הארץ
אן אלטן שד׳ס, א שוואַרצס,
עס וואַקסן גראָזן דריי אָרויס,
א שוואַרצס, א בלאָס, אַ בלויס...
דאַן שריי איך:—„שד!״—זעצט אויף א טיר,!
באַפעהל איך:—„שד, פאַרטייטש דאָס מיר!״

„—פון שוואַרצן בליהעכץ קומען כמואל׳ס נעכט,

זיי שפּרינגען איינס נאָך איינס, ווען אים ווערט שלעכט—
ווען ער זיך באָדט אין טייך פון כעס...
און לילית נעכט פון צווייטן פון דעם בלאַס,
זי טאַנצט אויף חתונות אין זיי,
פון שד מיט מענש, פון הימל־רויטס מיט שניי...
דאָס דריטע?—ס׳איז שד׳ן־עהרע בליהט,
דעם שטאַם פון שדישער יצירה ציהט,
דאָס טריפט מיט שוואַרצס בייטאָג
אויף זונען־גאָלד אַ קלאָג,
און נאַכט ביי נאַכט ס׳בליהט מיט פּעַ־לען אויף,
סמואל לויפט און קלייבט זיי אַל׳ צונויף,
און שמידט זיי איין אויף לילית שטאַרקער ברוסט,
וואָס שטורעמט הייס און שטרעקט זיך איים מיט גלוסט,

און אויבֿ אַ פּערל פֿאַלט פֿון לילית גלוטן־שוים,
זינקט ער אין אין־סוף און ווערט אַליין אַ תּהום...

דאָס איז גראָזן דריי, דאָס איז טײַטש פֿון זיי,
זינג אַ לויבגעזאַנג פֿאַר גראָזן דריי.

## III

אויף מיין שריש זאַמדיג פּלאַץ
אין א רעדל טאנצט אַ קאַץ,
טוט א הנ׳דל, טוט אַ שטרעק,
שפּילט זיך מיט אַ פּאַווע־עק...
ס׳האָט אַ שד אין גרינער נאַכט
איר אַ שאָטן־בער געבּראכט.
קאַץ האָט בּאַלד מיט רויטער צינג
לעק טיק־טאק געמאכט אַ קלונג,
און בּאלעקט דעם שאָטן־בער,
איז דער בּער צונישט שוין מער...
קומט דער קאָטער אויף אַ ווינט,
בּרענגט אַ שארבּן פון א קינד,
טוט א צליץ און טוט אַ שפּרונג,
שטרעקט ארויס די קאַץ די צונג,
גיבן הימלען אויס אַ שאָס,
וואַקסט אין רעדל אויס אַ שלאָס,

איז דער שלאָס פון מענשן־ביין,
אויסגעצירקלט ביין און שטיין.
און פון הערצער־בלעט — די טרעפ,
אָפּגעפּוצט מיט מענשן קעפּ.
זיצט דער קאָטער האלב צעלעגט
און מיט קאָטער־שטימע פרעגט:
„— לעבן רען נאָך פרעה׳ם קיה
צווישן קראנקן מענשן־פיה?
„— א, זיי לעבן, שטרעקט אַ קאָפּ
פון א תהום מיט הארטן טראָפּ.
„— לויפט זשע, לצים, שדים איילט,
און די ראָזע צינגער פיילט,
שווערט זיי מיטן גרינסטן וואָרט,
אפשר טרעטן זיי אָפּ פאָרט...

היי, אַ תהום־ליד ברענגט נאָר באלד,

רירט איך, רויטע זינגער, שאלט,
איך בין שוואך, ווי מענש, אין מיד,
גיט אהער דאָס גיהנום־ליד.

און עס דרעהט זיך הימל, ערד,
מאנצט מיט רויטער שארף אַ שווערד.

*

## אין יאך.


גערעכניש . . . . . 5
מיין אומרוה . . . . 7
כ'האָב נישט אויפגענומען . . . 11
א שווייגנם . . . . 14
מיין בלאָנדע . . . . 17


## יונגע פרייד.


יונגע פרייד . . . . 21
טאָג־בלוי . . . . 22
מיין אוצר . . . . 24
פארשפעטיגט . . . . 27
שעצער . . . . 29
שטיל און טיף . . . . 31


## מארקן.


כנופיות אלטע... . . . . 35
פון אלע פיר עקן... . . . 37
איך בין א קרעמער... . . . 39
געמיטער . . . . 41

## פארבן.


רוה־לאנד . . . . 45
אויפ'ן שכור־פלאַץ . . . 47
באהאלטענע קאַץ . . . 49
דעק מאן מיט'ן זייער . . 50
האָט יעדער זיין קעֶסטעלע . . 53
מיין שפיגל . . . . 56


## נעכט.


שעלט זי ניט . . . . 61
איך ווייס ניט גאָרנישט . . . 63
איונט . . . . 67
נאכט־אומרוה . . . 73
ווען ס'ווערט די נאכט א בוגרת . 77
אזא בלויע נאַכט... . . 78
ניט'ע שוועסטער... . . 80


## העלער שאָטן.


איך בין צוגעבונדן... . . . 83
שטיינער איינציגע . . . 84
אום מיטוואָך, . . . 86
דיין פערדל . . . 88
וויינסט פאר מיר . . . 90
חברה וואלקן... . . . 92
מארט I . . . . 94
„ II . . . . 96
העלדן פריינט . . . 98
מיין פריינט . . . 100

## טונקעלער שאָטן.


| | |
|---|---|
| כ׳וועל דיר איצטער . . . | 103 |
| זאָל געהן אַ רעגן . . . | 104 |
| כ׳האָב געקלויבן... . . . | 106 |
| קום נישט מיין פרייינט . . | 108 |
| דורכגעהער שמייכלען.... . . | 109 |
| קומסט מיט אן עסנדיג פנים . . | 110 |
| ווייבער . . . . | 111 |
| גאס האָט מיך גאוה׳ש באגעגנט . | 112 |
| מצאי-שבת . . . | 113 |


## פאר שדים.


| | |
|---|---|
| פאר שדים I . . . | 117 |
| II . . . | 119 |
| III . . . | 122 |



# פרייז 6.75 ר׳


אדרעס פון פארלאג: קיעוו, סאפיעווער גאס 12,
דירה 9. אויסשליסליכער פארקויף אין צענטראלן
ביכער-לאגער פון „קולטור-ליגע״, קיעוו, גרויס
וואסילקאווער גאס 43.



דרוקעריי פון די יורשים
יוסף שענפעלד, קיעוו.
תרע״ט.